# קאָנסטיטושיאָן בוך

# דחברה תהלים,

## מק"ק נויארק

יע"א

שנתיסדה לסדר

ולפרט דוד מלך ישראל חי וקים לפ"ק.

הוצאה שלישית בתקונים והוספית בשנת תרס"ב.

נויארק.

דיא מאסליאנסקי פרעסס, 9 ראַטגערס סט.

1902.

# קאָנסטיטושיאָן בוך

# דחברה תהלים,

## מק"ק נויארק

יע"א

שנתיסדה לסדר

ולפרט דוד מלך ישראל חי וקים לפ"ק.



הוצאה שלישית בתקונים והוספות בשנת תרס"ב.




נ ו י א ר ק.

ד י א  מ א ס ל י א ָנ ס ק י  פ ר ע ס ס,  9  ר א ָ ט ג ע ר ס  ס ט.

**1902.**

# מיטינגס פערהאנדלונג.

1 עפענען דעם מיטינג.

2 פאָרלעזען בעאמטען.

3 פאָרלעזען דעם פראטאקאל.

4 קאמיטע בעריכט איבער פאָרגעשלאָגענע קאנדידאטען.

5 זאָנסט קאמיטע.

6 פארשלאגונג.

7 באלאטען אונד איינפיהרונג.

8 קראנקע אונד נאטליידענדע.

9 צושריפטען.

10 וואַהל פיר בעאמטע.

11 וואָהל אונד בעסטענס.

12 איינגאהמע אונד אויסגאבע.

13 פאָרלעזען דיא מעמבערס.

14 שליסען דעם מיטינג.



# אינהאלטס-פערצייכניס.

# קאנסטיטוציאן.

---

ארטיקעל 1.

נאמען אונד צוועק דער חברה.

§ 1. דער נאמען פון דיעזער חברה איז „חברה תהלים אנשי ווישקאָווער" אונד דער נאמען פון אונזער שוהל איז: „ביהמד"ר דחברה תהלים אנשי ווישקאָווער".

§ 2. דער נאמען פון דער חברה אדער שוהל קען ניעמאלס געענדערט ווערדען, זאלאנג 7 גוטשטעהענדע מיטגליעדער דיעזע אויפהאלטען ווללען.

§ 3. דיא חברה זאל איינע שוהל האבען אונד טעגליך דארט מתפלל זיין כמנהג וסדר מדינת פולין.

§ 4. יעדען שבת ביא טאג זאלל תהלים געזאגט ווערדען מיט מנין.

§ 5. דיא חברה זאל האבען איין בענעפיט פיר א קראנקען ברודער, זא אויך בעזוך אונד משמורים.

§ 6. דיא חברה זאל האבען איין בית עולם, אונד אללעם וואס בעלאנגט צו א טוידטענפאלל ר"ל.

§ 7. דיא חברה זאל איין חברה קדישא אָדער בעלי מתעסקים האבען.

## ארטיקעל 2.

### פיהרונג דער חברה.

§ 1. דיא ביכער פון דער חברה וויא אויך שפראכע זאל אין זשארגאָן געפיהרט ווערדען.

§ 2. דיא חברה ווירד געפיהרט פון 8 בעאמטע, נעמליך: פרעזידענט, וויס-פרעזידענט, סעקרעטאר, טרע-זשורער אונד 4 טראסטיעס.

## ארטיקעל 3.

### נאָמיניישיאָן אונד עלעקשיאָן פון בעאמטע.

§ 1. יעדע 6 מאנאט זאללען בעאַמטע עלעקטעט ווערדען. 3 מיטינגען בעפאָר חוהמ״פ אונד הוהמ״ס זאל דיא ערשטע נאָמיניישיאן שטאטפינדען; דיא צווייטע נאָ-מיניישיאן 2 מיטינגס בעפאָר חוהמ״פ אדער חוהמ״ס. דיא עלעקשיאן זאל שטאטפינדען איין מיטינג בעפאר חוהמ״פ אדער חוהמ״ס, אונד דיא איינסטאלירונג—אם חול המועד.

§ 2. בעפאר דער עלעקשיאן, האט דער פרעזידענט יעדע זאך וואס בעלאנגט צו דער חברה, פיר דיא בריי-דער אויפצוצייגען.

§ 3. נאמיניישיאן ווערט בלויז אנגענומען ווען דער לויפענדער ברודער אנוועזענד איזט.

§ 4. יעדער גוטשטעהענדער ברודער, נאך פערלויף

פון 6 מאנאט פון זיינער איינפיהרונג, קען שוין נאמינירט ווערדען פיר איין טראסטי.

§ 5. בעפאר עלעקשיאן, האט דער פרעזידענט 2 ספעקטאָרען צו ערוועהלען, אום דיא שטימען צו צעהלען וויא אויך אכטונג צו געבען.

§ 6. בעאמטע ווערדען עלעקטעט דורך באַללאטס. איינע שטיממע מעהר עלעקטעט שוין, און בייא גלייכע שטימען דאַרף נאך אַ מאל עלעקשאן זיין.

§ 7. דיא בעאמטע האבען זייער אַמט *6* מאנאט צו בעקליידען. אויך דארפען זייא קענען שרייבען און לעזען, מיט אויסנאהמע פון 3טען און 4טען טראָסטיע.

§ 8. דיא בעאמטע דאַרפען קיינע נאהענטע קרובים זיין. אויך קען ניט איין ברודער 2 אמטען בעקליידען.

## ארטיקעל 4.

### פפליכטען פון דיא בעאמטע.

§ 1. דיא בעאמטע דארפען יעדע פערזאמלונג בייוואהנען, און אין שוהל אלע ארדנונג צו שאפען.

§ 2. דיא בעאמטע האבען אלעס נאכצוזעהן, פון אייננאהמע און אויסגאבע און אלע ארדנונג. אויך דאַרפען זייא זיין דיא ערשטע צו קומען צום מיטינג, און דיא לעצטע צום אוועקגעהן.

§ 3. יעדער בעאמטער װעלכער 3 מיטינגס איינע נאך דיא אנדערע אטענדעט ניט, װערט פון זיין אמט אבגעװייעזען.

## ארטיקעל 5.

### פפליכטעז פון פרעזידענט.

§ 1. דער פרעזידענט האלט דעם פאָרזיטץ און עס זיינען אונטער זיין שוטץ דער טשארטער, זיעגעל, באַנק־בוך, קאנטראקטען, דידס און סעקיוריטיעס.

§ 2. ער האט צו בעשטימען אלע בעאמטע װאס זייא האבען צו שפרעכען און ביים מיטינג אלע פראגען צו בעאנטװארטען.

§ 3. ער האט יעדע װאכע קראנקע צו בעזוכען.

§ 4. װען איין אנדערער װירד עלעקטעט ברויך ער אלעס איהם איבערצוגעבען.

§ 5. ער קען ביז 5 דאלער איינע װיכטיגע אויס־גאבע זעלבסט מאכען איין מאל אין א קװארטאל.

## ארטיקעל 6.

### פפליכטען פון װייס־פרעזידענט.

§ 1. דער װייס - פרעזידענט דארף בעהילפיג זיין דעם פרעזידענט, און װען דער פרעזידענט איז ניטא, דארף דער װייס־פרעזידענט זיין שטעלע פערטרעטען.

## ארטיקעל 7.

### פפליכטען פון סעקרעטער.

§ 1. דיא ביכער דארפען אין גוטען ארדנונג געפיהרט ווערען. ער דארף אלע איננאהמע און אויסגאבע ריכטיג פערשרייבען. אויך דארף ער ריכטיג צו פיהרען דיא בילס, נאטיסעס, טשעקס, קאמיטעס, שמירות און שטראפען.

§ 2. יעדעס קווארטעל דארף ער איין חשבון צדק צו צייגען. אויך דארף ער איין יאהרעס בעריכט איינצוריכען.

## ארטיקעל 8.

### פפליכטען פון טרעזשורער.

§ 1. דער טרעזשורער דארף געבען סעקיוריטי פון 2 גוטשטעהענדע ברידער וואס דיא חברה אמפאנגט. אויף הונדערט דאלער.

§ 2. ער דארף אלע געלדער צונעהמען און איין רעסיט געבען.

§ 3. יעדען אנווייזונג וועלכער איז פון פרעזידענט און סעקרעטער אונטערנעשריעבען און מיט דעם זיעגעל פון דער חברה, דארף ער אויסצאהלען. אויך דארף ער חשבון צדק יעדעס קווארטאל אפצוגעבען.

§ 4. ביז 50 דאלער קען ער ביי זיך האלטען, ווען עס איז מעהר זאל ער עס אין אַ באנק דעפּאזיטען אויף דעם נאמען פון דער חברה.

### ארטיקעל 9.

פּפליכטען פון דיא טראסטיעס.

§ 1. דאס געלד פון דער חברה דאַרף זיין פער־שריעבען אין דער באנק אויף זייער נאמען.

§ 2. זיי דארפען אַכטונג געבען ביים מיטינג אָדער בשעת התפלה, דאס עס זאל קיין אונארדנונג זיין.

§ 3. בייא ימים נוראים דארפען זייא דיא טיקעטס נאכזעהן, און אורחים געלדער פערשרייבען.

§ 4. ווען דער פרעזידענט קומט ניט נאך זיינע פּפליכטע, דארפען זייא דורך דעם וויס־פרעזידענט בערופען אַ מיטינג.

§ 5. איין מאל אין מאנאט דאַרף דער טראסטיע דעם ארדנונג אין שוהל נאכצוזעהען.

### ארטיקעל 10.

איינקויפס־געלד.

§ 1. פון 21 ביז 30 יאהר—1 דאלער, ביז 35—2 דאלער, ביז 40—3 דאלער, ביז 50 - 20 דאלער.

§ 2. קינדער פון מעמבערס ווען זייא ווילען בע־

לאנגען צו דער חברה, איז ביז 20 יאהר דאַרפען זייא איין פיערטעל פון דער סומע איינצאהלען, און ביז 25 אַ העלפט פון דער סומע.

## ארטיקעל 11.

### פארשלאגונג פון קאנדידאטען.

§ 1. ווער עס וויל איין מעמבער אין אונזער חברה ווערען, דאַרף זיך דורך איין מעמבער לאָזען פאָרשלאָגען און געבען אַ דאלער פארשלאגס־געלד, און דארף אָנגעבען זיין געשעפט, וואהנונג, עלטער און געבורטסאָרט.

§ 2. דער קאנדידאט דארף איין גוטען כאראקטער בעזיטצען, און 6 מאנאט אין לאנד זיין, אויך דארף ער אימשטאנד זיין אַ לעבען צו מאכען.

§ 3. אויב דער פארשלאג פון דיא ברידער ווערט אנגענומען, דאַרף דער פרעזידענט אַפּאָינטען 2 קאמיטעס און דער וויס־פרעזידענט איינעם, אום צו ערקונדיגען זיך אויף זיין כאראקטער.

## ארטיקעל 12.

### איינפיהרונג פון אַ נייעם מיטגליעד.

§ 1. בעפאר דיא איינפיהרונג דאַרף ער דאס רעסט איינקויף־געלד וויא אויך אנדערע שולדען. בעצאהלען. אייך מוז ער אונטערזוכט ווערען פון א דאקטאר.

§ 2. ווען דיא קאָמיטע בעריכטעט גינסטיג, דאַרף דער באַלאָט פאָרקומען מיט איינע קאָמיטע. 3 שוואַרצע קוגלען ווייזען אָפּ דעם קאנדידאט, און ווען עס איז דא נור 2, דאַרף דער פּרעזידענט ענטשיידען.

§ 3. דער אָפּגעוויעזענער קאנדידאט קען נאך 3 מאנאט זיך ווידער פאָרשלאגען. ווען ער ווערט צום צווייטען מאל אפּגעוויעזען קען ער זיך שוין מעהר ניט פארשלאגען.

§ 4. ווען דער פאַרגעשלאגענער קאנדידאט מעלדעט זיך ניט ביז 2 מאנאט צו דער אויפנאהמע, פערלירט ער זיין פארשלאגס־געלד.

§ 5. נאך דער איינפיהרונג דאַרף ער דאס געזעץ אונטערשרייבען.

§ 6. ער דאַרף 2 דאלער בייא פערטיל־יעהרליך איינצאהלען פיר דעם בית עולם. דאס ערשטע יאהר מיט 50 סענט דאס קווארטאל.

ארטיקעל 13.

ביישטרעגע.

§ 1. יעדער מעמבער דאַרף קווארטאל געלד צאהלען $2.10, און פיר ימים נוראים $1.50 שוהל בייטראגע, זאָלאַנג דיא חברה האט קיין אייגענע שוהל. אויך נדרים ונדבות און שטראפען דארף אלעס ביים קווארטאל מיטינג בעצאהלט ווערען.

§ 2. ווען דיא חברה האט אַ דאקטאר און מעדיצין, איז יעדער וואס וויל דאצו בעלאנגען, מוז אליין דיא קאסטען בעצאהלען.

§ 3. ווער עס האט ניט קיין געקויפטען סיט מוז עס דינגען איבער ימים נוראים, ווען ער איז דא מתפלל.

§ 4. בייא א טאדטעספאַל ר"ל דאַרפען דיא ברידער ניט געטעקסט ווערען פיר דיזע אויסגאבען, אויך נאך איין מעמבער הנפטר ר"ל דארף דיא אלמנה פון יעדען גוטשטעהענדיגען מעמבער קריגען עקסטרא איין דאלאר פון יעדען מעמבער. דיא חברה זאל נאך 30 טעג דאס געלד אויסצאהלען.

§ 5. ווען אַ מעמבער שטארבט ר"ל און זיין פרוי וויל ווייטער בעלאנגען צו דער חברה, קען זיא בעלאַנגען גלייך אחר פטירת בעלה און בעצאהלען דיא זעלבע בייטראגע וויא דער מאַן $2.10 פיר א קווארטאל. קיין שיהל בייטראגע דאַרף זיא ניט בעצאהלען. דיא פרוי קאן אלס מעמבער אריינקומען בלויז דיא ערשטע 3 מאנאט נאך דעם מאן'ס טויט, און נאך דיא 3 מאנאט קען זיא ניט מעהר אלס מעמבער אריינקומען.

§ 6. ווען דיא פרויא קומט ניט נאך דיא ביי־

טראגע נאך דיא קאנסטיטוציאן פון דער חברה, ווערט זיא געזעצליך געשטריכען.

§ 7. ווען אַ פערשטארבענער ברודער לאזט איבער 2 סיטס, איינע אין דיא מענער שוהל און איינע אין דיא פרויען שוהל, בעלאנגט נור דער פרויען סיט צו דער פרוי, און ווען זיא וויל האלטען דעם מאן׳ס סיט, מוז זיא צאהלען שוהל בייטראגע $1.50 אַ יאהר.

§ 8. דיא פרוי קען דעם מאן׳ס סיט בעהאלטען נאָר דאן ווען זיא האט איינענע קינדער דעם סיט צו פערנעהמען, אבער ווען זיא וויל האלטען דעם סיט צו פעררענטען אדער פערקויפען, בעלאנגט דער סיט צו דער חברה, און דיא פרוי האט קיין שום טו״מ צו דער חברה.

§ 9. דיא פרוי קען נאר בעלאנגען צו דער חברה זא לאנג זיא איז ניט פערהייראטה.

ארטיקעל 14.

פפליכטען פון דיא מעמבערס.

§ 1. יעדער מעמבער דאַרף איין אָרענטליכען כאראקטער בעזיטצען, און קיין מחלל שבת ויום טוב בפרהסיא זיין. ער דאַרף זיין פערהייראטעט כדת משה וישראל, און זיך בדת יהודית אויפפיהרען.

§ 2. אויף וועלכען מעמבער עס ווירד זיך אויסצייגען דורך עדים כשרים דאס ער האט מחלל שבת בפרהסיא געווען, ווערט ער אבגעוויזען.

§ 3. יעדער מעמבער דאַרף אטענדען יעדע ואכע וואס מען שיקט איהם, אויך ווען ער ערהאלט נאטיס דארף ער צייטליך צום מיטינג קומען.

§ 4. ווען איין מעמבער האט צאנקערייען מיט איין אנדער מעמבער, מוז ער קומען צו דיא חברה אום צו מאכען שלום, אונד ניט געהן אין געריכט.

§ 5. יעדער דאַרף ביים מיטינג אנשטענדיג זיך אויפפיהרען, אונד ניט האבען קיין פריוואט - געשפרעכע צווישען זיך, און ווען ער וויל עטוואס ריידען זאל ער מעלדען דעם פרעזידענט.

§ 6. יעדער ברויכט שריפטליך זיין הויז-נומער אנצוגעבען דעם סעקרעטער, ניט שפעטער וויא 8 טאגע נאך זיין אַוועקמופען.

§ 7. ווען איין מעמבער האט אויף זיך אַ קרימינאל פראצעס און וועט זיך אויסצייגען ווירקליך, דאס הייסט ער ווערט פערארטהיילט צו זיצען אין פריזאן, ווערט ער געשטריכען פון דער חברה.

§ 8. דעם צווייטען טאג שבועות דארף יעדער

מעמבער קומען אין שוהל וועגען דעם יאהרצייט פון דוד המלך ע״ה אונד עס ווערט אויסגעזאגט גאנץ תהלים. אויך ברויך יעדער מעמבער קומען, אם וויינינגסטען 2 מאל אין מאנאט, שבת ביי טאג תהלים זאגען.

## ארטיקעל 15.

### מיטיננס.

§ 1. יעדעס פיערטעל יאהר זאלל איין גענעראל מיטינג אבגעהאלטען ווערען: חול המועד פסח, הצי תמוז, חול המועד סכות אונד חצי טבת.

§ 2. 14 טעג נאך דער גענעראל מיטינג זאל איין צווייטע איינצאהלונג בערופען ווערען, און 2 מאל אין מאנאט זאלען רעגעלע מיטינגען אבגעהאלטען ווערען.

§ 3. 7 גוטשטעהענדע מעמבערס קענען פערלאנגען פון פרעזידענט ער זאל רופען אַ ספעציאל־פערזאמלונג. זייא מוזען אבער אנגעבען דיא אורזאכע.

§ 4. דער פרעזידענט קען צו יעדער צייט אַ טראסטיע מיטינג בערופען אונד מיט זייער איינשטימונג קען איין עקסטרא מיטינג בערופען ווערדען.

§ 5. יעדעס מיטינג דארף בעפאַר 8 אוהר אבענדס ערעפענט ווערדען, ווען עס איז נור דא 7 גוטשטעהענדיגע מעמבערס, אונד אלעס וואס עס ווערט פערהאנ־

דעלט איז געזעצליך. יעדער מעמבער דארף מיט 3 טעג פריהער ערהאלטען נאטיס.

§ 6. יעדעס יאהר דען ערשטען זאנטאג פון ר"ח אלול זאלען דיא בעאמטע איין פרייז אויף דיא סיטס שטעלען.

§ 7. ביי איין טראָסטיע מיטינג קען קיינע גרעסערע אויסגאבע בעשלאסען ווערען וויא ביז 10 דאלער, אונד ווען איין בעאַמטער איז דאַגעגען, דאַרף איין עקסטרא מיטינג איינבערופען ווערען.

## ארטיקעל 16.

### אריערס.

§ 1. ווען אַ מעמבער איז שולדיג פיר אַ גאנצען קווארטאל ביטראגע, האט ער קיין רעכט צו שטימען, אויך קען ער ניט צו קיינע קאמיטע ערנאנט ווערען.

§ 2. ווען איין מעמבער איז שולדיג פיר 2 קוואר־טאלס, איז דער סעקרעטער פערפליכטעט איהם צו שיקען איין רעדזשיסטרירטען בריעף אונד ער מוז דיא גאנצע שולדען בעצאהלען, זאנסט ווערט ער געזעצליך געשטריכען.

§ 3. ווען איין מעמבער וויל בעקליידען איין אַמט מוז ער קליער זיין אין דיא ביכער פון אלע שולדען.

## ארטיקעל 17.

### ארדנונג ביים מיטינג אונד אין שוהל.

§ 1. דער פרעזידענט נעהמט דעם פארזיטץ אונד אין נאמען פון דער חברה עפענט ער דעם מיטינג. דער ערשטער האַמערשלאג רופט דיא ברידער צו ארדער.

§ 2. יעדער וואס וויל עטוואס שפרעכען דאַרף פון פרעזידענט ערלויבנים נעהמען, און דער פרעזידענט דארף יעדען גוטשטעהענדיגען מעמבער ערלויבען צו שפרעכען. אבער נאר לטובת החברה.

§ 3. דער פרעזידענט קען ניט מאכען קיין פאר־שלאג זיצענדיג אויפ'ן טשער, אויך דארף יעדער פאָר־שלאג, נאך דיא אונטערשטיצונג, אבגעשטימט ווערען, און דיא מאיאריטעט רולט אויף יעדען פאָרשלאג.

§ 4. דער פרעזידענט דארף זיין טשער ניט פער־לאזען ביז ענדע פון דעם מיטינג.

§ 5. קיינער דארף זיך ניט אונטערהאלטען בשעת התפלה וקריאת התורה, אויך דאַרפען זייא אכטונג געבען אויף זייערע קינדער, אויך דארף איינער דעם אנדערן ניט בעליידיגען.

§ 6. דער פרעזידענט דאַרף שטעהן ביים ספר אונד אויסטהיילען דיא כבודים, און ווען ער איז ניטא בעלאנגט עס בסדר הבעאמטען.

§ 7. קיינער זאל דעם טלית נאך דעם דאַוונען אבנעהמען, אדער פון שוהל ארויסצוגעהן ביז נאך אדון עולם.

## ארטיקעל 18.

### הנהגות התפלה אונד עליות.

§ 1. מנהג התפלה כסדר ומנהג פוילען, יוצרות של ארבע פרשיות, אונד יו״ט בתוך התפלה אויך שיר המעלות ממעמקים בעשרת ימי תשובה, לדוד מזמור צו מעריב ראש השנה אונד יום כפור, הקפות שמיני עצרת אבענדס.

§ 2. הלל ווערט געזאגט קאפיטלעכווייז אויך דיא ערשטע טעג פסח נאך מעריב.

§ 3. עס זאל זיין יין לקידוש ולהבדלה וויא אויך אַ נר תמיד.

§ 4. יום כפור, הושענא רבא, שבועות און תשעה באב, זאל דיא שוהל זיין אָפען בייא נאכט.

§ 5. יעדען שבת ויום טוב ווערט פערקויפט הוצאה והכנסה, מפטיר, הגבה וגלילה, אונד פתיחה. ימים נוראים ווערען פערקויפט אלע עליות, אונד אם שמחת תורה ווערט פערקויפט חתן תורה, חתן בראשית, מפטיר און אתה הראתה.

§ 6. ווען איין מעמבער קויפט אדער שנדר'ט שבת ויום טוב אונד עס איבערשטייגט דיא סומע פון 3 שיללינג, דארף ער בלויז דיא העלפט בעצאהלען.

§ 7. אלע עליות החיובים דארפען בעפאר דעם פרעזידענט אנצייגען, און שלש רגלים בעלאנגען דיא עליות בלויז כסדר המעמבערס.

§ 8. שבת פאר ז' אדר אונד שלש רגלים ווען מען איז מזכיר נשמות, בעלאנגען דיא עליות אונד נדרים צו דיא חברה קדישא. דיא גבאים פון חברה קדישא דארפען אויך ביים ספר שטעהן.

§ 9. ווען מעמבערס פון שוהל געהן ימים נוראים ארוים לייענען אויטסייד, בעלאנגט דיא נדרים ונדבות צו דער חברה.

§ 10. בעלי תפלות פון ימים נוראים בעקומען עליות אומזאנסט.

§ 11. ווען איין אורח וויל עטוואס קויפען דארף ער האבען אַ מעמבער אַ גוט־זאָגער, און דער שמש דאַרף 3 מאהל מאהנען, אונד ווען ער בעצאהלט ניט, ווערט עס צוגערעכענט צום מעמבער.

ארטיקעל 19.

חשבון צדק.

§ 1. נאך יעדען 4טעל יאהר איינצאהלונג דארף

דער פרעזידענט ערנענען איין קאמיטע פיר חשבון צדק אונד בעפאר עלעקשען דארף פון דעם גאנצען יאהר איין חשבון צדק אבגענומען ווערען, און יעדער בעריכט דארף פאר דיא ברידער פארגעלייגט ווערען.

### ארטיקעל 20.

קלאגעם.

§ 1. ווען איין מעמבער פעקלאגט דעם אַנדערן שריפטליך, אונד עס ווערט פון דיא ברידער אנגענומען, דאַרף דער פרעזידענט אַפּאָינטען אַ קאמיטע אום דיא זאַכע צו שליכטען. 2 פון דיא קאמיטע קען יעדער פון דיא בעלי דינים אבוויזען צום ערשטען מאהל.

§ 2. דיא פערהאנדלונגען פון דער קאמיטע דארף פאָרגעלעזען ווערען בייא דיא חברה, אונד אבצושטימען דארף זיין א מאיאָריטעט פון צוויי דריטעל גוטשטעהענ־דינע מעמבערס.

§ 3. ווען דיא בעלי דינים זיינען ניט צופריעדען, קענען זייא ביים צווייטען מיטינג א נייע קאָמיטע פער־לאנגען, אין וויא דיא צווייטע קאָמיטע בעשליסט אזוי מוז עס פערבלייבען.

### ארטיקעל 21.

בענעפיטס.

§ 1. ווען דיא חברה האט איין פערמעגען פון

($2,000) צוויי טויזענד דאלער אין קעש אין באנק, דאַרף איין קראנקער פּרודער נאך יעדע 7 טעג פון זיין קראנק־הייט אנמעלדונג זיין בערעכטיגט צו קריגען 5 דאלער אַ וואָך קראנקען בענעפיט.

§ 2. דיעזער בענעפיט בעלאנגט נאר צו איין ברור־דער ביז 3 מאָנאַט, נאך 3 מאָנאט קריעגט ער האלבען בענעפיט ביז 6 מאנאט, אונד נאך 6 מאנאט דאַרף דיא חברה בעשליסען וואס צו טהאן.

§ 3. בענעפיט קריעגט נאר דער מעמבער זעלבסט. אויך איז עס קיין אונטערשייד אויב ער איז שטארק קראַנק, אדער ניט, נאר זא לאנג ער קען ניט געהן פערדיענען איז ער בערעכטיגט צו קראנקען־בענעפיט.

§ 4. ווען איין מעמבער ווערט קראנק ווייל ער האט געפיהרט איין אונמאראלישען לעבען, אדער ער האָט שון געהאט איין אינערליכע קראנקהייט בעפאר ער האט נאך בעלאנגט צו דער חברה, האט ער קיין אנשפּרוך אויף בענעפיט.

§ 5. יעדער קראנקער דארף בעקומען קאמיטעס אונד ווען נעטהיג אויך שמירות, אויך הוצאות פון טאדעספאלל ר"ל. אויך איז אַ גוטשטעהענדיגער מעמבער בערעכטיגט צו 5 דאלער שבעה געלד, ווען ער זיצט דיא

גאנצע וואך אונד געהט ניט צו ביזנעס. אויך איז ער בערעכטיגט צו מנין.

§ 6. סקודם יציאת הנשמה בייא איין מעמבער ר"ל האט שוין דיא חברה קדישא צו אטענדען. דאס זעלבע איז אויך בייא א קינד.

§ 7. בייא איין נקבה האט דיא חברה צו דינגען פרויען אונד אלעס צו אטענדען וויא בייא איין זכר.

§ 8. מעמבערס קינדער, איין זאהן ביז 18 יאהר אונד אַ טאכטער ביז דער חתונה, דאַרף דיא חברה געבען דיא קאָסטען בייא טאָדטעספאַל ר"ל. אויך דארף מען זאגען תהלים בייא דיא טהרה פון אַ מעמבער.

§ 9. יעדער מעמבער דארף זיין אנוועזענד בייא דער לויה פון א פערשטארבענעם מעמבער אדער זיין פרוי אונד מוז בעגלייטען ביז צו דער פעררי, אונד איין מנין מוז געהן אויף דעם בית עולם.

§ 10. ווען איין מעמבער שטארבט בעפאָר ער האט בעלאנגט 6 מאנאט צו דער חברה איז ער בערעכטיגט נור צו קרקע אבער ניט מעהר.

11. ווען איין מעמבער בעלאנגט נאך צו איין חברה אדער אַ לאָדזש, קריעגט ער נאר א העלפט פון דיא קאָסטען.

§ 12. הוצאות פון איין גדול איז: 2 קערעדזשעס, 1 לייכען־וואגען אונד אלע צרכי קבורה, אונד בייא איין קטן ביז 5 יאהר, נאר 1 קערעדזש, אונד ביז 13 יאהר בעקומט ער אַ לייכענוואָגען אויך.

§ 13. ווען איין מעמבער שטאַרבט אונד לאזט ניט קיין בן זכר, דאַרף דיא חברה נאך איהם קדיש זאגען דאס גאנצע יאהר, אונד אויך יאהרצייט אבהאלטען. אויך דאַרף דיא חברה נאך אַ ברודער הנפטר ר״ל אל מלא רחמים צו מאַכען אונד יעדען שבת תהלים זאגען.

§ 14. ווען איין מעמבער שטארבט בעלאנגט דיא פרוי אונד קינדער דאס גאנצע יאהר צו דער חברה, אבער ווען דיא פרוי 3 מאנאט בעפאר דעם מאַן׳ס טויט איהם ניט אבגעווארטעט, האט זיא קיין אנשפרוך צו דער חברה.

§ 15. ווען איין מעמבער שטארבט און לאזט איבער קינדער, דאַרף דיא חברה אויף זייא אַבאַכט געבען.

§ 16. דיא טהרה והלבשה וקבורה איז כמנהג וסדר מדינות פוילען. אויך צום יאהר דארף דיא חברה שטעלען איין מצבה פיר 15 דאלער, פיר איין מעמבער אדער זיין פרוי, אבער בייא איין קינד דארף דער

מעמבער אליין לאזען שטעלען אַ מצבה. אויך ווען עס ווערט פערקויפט קרקע, דאַרף דיא חברה נעהמען סעקיורעטי אויף איין מצבה.

§ 17. יעדער מעמבער דארף עטוואס געבען בעד הזכרת נשמות פון אַ מעמבער הנפטר ר"ל, נאך דעם יאהר.

§ 18. יעדער קראַנקער דאַרף יעדען טאג בעפאָר אבענדס בעזוכט ווערען פון אַ קאמיטע, אונד דיא קאמיטע דארף יעדען טאג בעריכטען צום פרעזידענט, אונד ווען דער קראנקער דאַרף האבען שמירה, מוזען 2 מעמבערס געשיקט ווערען אַהין. אויך ווען עס איז נויטהיג טאג־שמירה, קען מען דינגען.

§ 19. ווען א מעמבער וועלכער דאַרף געהן צו א שמירה קען ניט אטענדעז, דאַרף ער גלייך מעלדען דעם פרעזידענט, אונד ער איזט ענטשולדיגט פיר דיעזע נאכט. אויף דער צווייטער נאכט אבער ווערט ניט אָנגענומען קיינע פערטהיידיגונג.

§ 20. ווען א מעמבער וואהנט אויסער שטאדט נויאָרק, אדער ער וואהנט אין דיא עוועניוס פון דיא 10טע סטריט אונד ווייטער, איז ער ניט בערעכטיגט צו שמירה, אויך ניט צו קיין מנין, נאר צו בענעפיט אליין. אויך איז ער פון דיעזעלבע פריי.

§ 21. ווען איין מעמבער'ס אַ פרוי שטארבט ר"ל אונד ער הייראַטעט אַ צווייטע פרוי, בעלאנגט ניט דיא פרוי צו דער חברה אין אנגעלעגענהייט פון קרקע אונד עקספענסעס ביז דער ברודער (דער מאַן) קויפט איהר איין אין דער חברה. דיא סומע דארף בעשטימט ווערען בייא איין דזשענעראל מיטינג.

## ארטיקעל 22.

### שטראפען.

§ 1. קיין מעמבער קען ניט בעשטראפט ווערען אהנע גרינדליכע בעווייזע, אויך מוז עס פאָרגעבריינגט ווערען בייא איין קווארטאל מיטינג.

§ 2. ווען איין מעמבער איז ניט געהארכזאם דעם פרעזידענט בייא דיא מיטינג, קען ער בעשטראפט ווערען מיט א סומע פון 25 סענט ביז 5 דאלער, אדער מען קען איהם שטעלען אונטער אַ פריעדענס־קאמיטע. דער פרעזידענט דארף אבער בעפאר איהם צו ארדנונג רופען.

§ 3. ווען אַ בעאמטער אטענדעט ניט דעם מיטינג, ווערט ער בעשטראפט מיט 50 סענט.

§ 4. ווער עס מאכט אַ פאלשקייט בייא איין עלעקשיאן אדער בייא איין באלאט, ווערט שטראפירט מיט 50 סענט.

§ 5. ווען עס ווערען עלעקטעט נייע בעאמטע

אונד דיא אלטע ווילען ניט איבערגעבען אלעס אין ארדנונג, ווערען זייא שטראפירט מיט 5 דאלער, אונד ווען זייא גיעבען אויף זייערע עמטער אין מיטען יאהר, איז טראָס־טיעס ווערען בעשטראפט מיט 2 דאלער, אונד אנדערע בעאמטע, מיט 5 דאלער.

§ 6. ווען אַ מעמבער ערהאלט נאטיס צו קומען צו א קאמיטע אונד ער אטענדעט ניט, ווערט ער שטראַפירט מיט 50 סענט.

§ 7. ווען אַ מעמבער מעלדעט ניט זיין הויז נומער צום סעקרעטער, ווערט ער שטראפירט מיט 25 סענט.

§ 8. ווען א מעמבער קומט ניט שבועות אין שוהל צו תהלים, ווערט ער בעשטראפט מיט 1 דאלער.

§ 9. ווען א קאנ־ידאט גיעבט אָן פאלשע יאהרען אונד עס ווערט נאכהער אויסגעפונען, ווערט ער ארויס־געשטויסען פון דער חברה.

§ 10. ווער עס אונטערהאלט זיך בשעת התפלה אדער קריאת התורה אונד ווערט בעאויפטראגט פון טראסטיע אונד ער פאלגט ניט, ווערט בעשטראפט מיט 25 סענט.

§ 11. ווער עס פערלאזט דעם מיטינג אָהנע דעם פרעזידענט׳ס ערלויבנים, ווערט בעשטראפט מיט 25 סענט.

§ 12. ווען איינער אטענדעט ניט א שמירה ווערט ער בעשטראפט מיט 2 דאלער, אונד ווער עס אַטענדעט ניט אַ לויה ווערט בעשטראפט מיט 1 דאלער, אונד ווען איינער ווערט בעשטעלט צו פאָהרען אויף דעם בית עולם אונד ער אטענדעט ניט, ווערט ער בעשטראפט מיט 2 דאלער.

§ 13. ווער עס ערשיינט ניט צו מנין ביי איין אבל ר"ל, ווערט בעשטראפט מיט 25 סענט פאר יעדעס מאהל.

§ 14. ווען אַ בעאמטער אטענדעט ניט זיין פליכט, ווערט ער בעשטראפט מיט 50 סענט.

## ארטיקעל 23.

### קאפ געלד.

§ 1. ווען א מעמבער קומט אריין אין דער חברה ווען ער איז אַ סינגעלמאן. דארף ער ניט בעצאהלען קיין קאַפ געלד.

§ 2. ווען א מעמבער'ס א פרוי שטארבט ר"ל אין דער צייט ווען דער מאן איז א מעמבער, דארף ער ווייטער בעצאהלען קאפ געלד.

§ 3. ווען אַ מעמבער שטארבט ר"ל אונד לאזט איבער א סיט, קען בלויז דער זוהן ירש'נען דעם סיט.

אויך קען קיינער ניט פערקויפען קיין סיט צו קיין פרעמ־
דען נאר צו איין גוטשטעהענדיגען מעמבער.

## ארטיקעל 24.

### חברה קדישא בעלי מתעסקים.

§ 1. דיעזע חברה קדישא איז געגרינדעט געווארען
מוצאי שבת קדש פ׳ ויצא שנת תרנ״א, אונד בעשטעהן
נאר אויס מעמבערס פון חברה תהלים, אונד עס קען
ניט קיין אנדערע חברה קדישא אין דיעזע חברה תהלים
געגרינדעט ווערען, זא לאנג דיא חברה קדישא מעמבערס
קומען נאך זייערע פליכטען.

§ 2. ווער עס וויל זיך איינקויפען אין חברה קדישא
דארף איינצאהלען 1 דאלער, אונד ווען 3 מעמבערס
זיינען דאגעגען, ווערט ער ניט אנגענומען.

§ 3. יעדעס יאהר אין ז׳ אדר זאל איין סעודה
געמאכט ווערען, צו וועלכע דיא חברה תהלים דארף געבען
צושטייער 10 דאלער.

§ 4. דיא מנהגים ביא טהרה ולבישה זאל געפיהרט
ווערען כמנהג פוילען. אויך קומט דער טלית על הסובב.

§ 5. יעדעס יאהר זאל געמאַכט ווערען גבאים,
דיא וואַהל פינדעטשטאט אום ז׳ אדר.

§ 6. יעדער חברה קדישא מאן דאַרף זעהר נזהר זיין אויף חלול שבת, זאגאר ניט צו טראגען אום שבת.

§ 7. בייא איין מעמבער הנפטר ר"ל מוזען 4 בעלי מתעסקים אויף דעם בית עולם מיטפאָהרען, אויך האט דער גבאי אלעם דאבייא צו שאַפען, דאפיר זיינען דיא בעלי מתעסקים פרייא פון משמורים אין דער חברה.

§ 8. יעדער מעמבער דאַרף צאהלען 25 סענט א קווארטאל, דיא קאסע בעלאנגט צו חברה קדישא זעלבסט. אויך דיא צדקה בייא איין אבל אדער טהרה ר"ל בעלאנגט אויך צו חברה קדישא. דער גבאי ראשון דארף האלטען דיא קאַסע.

§ 9. דער גבאי צוזאמען מיט דעם פרעזידענט האבען צו זאגען אויף דעם בית עולם וועגען איין קרקע.

10. בייא הנפטר מחברה קדישא ר"ל מוז ביי שבעה משניות געלערענט ווערען, אויך יעדעס יאהר בייא יאהר־צייט.

משה פליישמאן, גבאי ראשון.
שמואל טעססער, גבאי שני.
מרדכי יהודה תלמוד, סעקרעטער.

ארטיקעל 25.

פליכטען פון שמש.

§ 1. דער שמש דארף דיא שוהל אין גוטען אָרדנונג

האלטען, אויך בייא יעדען דאוונען אונד מיטינג דער ערשטער אונד דער לעצטער זיין. אויך מוז ער 2 מאל אין וואך קראנקע בעזוכען.

§ 2. ער דארף מאכען מי שברך אונד אל מלא רחמים, אויך דארף ער מצוות פערקויפען. ער דארף פאלגען דעם פרעזידענט אונד אלע שליחות צייטליך בעזארגען.

§ 3. יעדען זאנטאג דארף ער קאלעקטען אורחים געלדער, פיר וועלכע ער בעקומט 5 פראצענט. אויך בעקומט ער פון איין קאנדידאט איינפיהרען 25 סענט, פון איין יולדת נקבה 18 סענט, בייא טאדטעספאל ר״ל 1 דאלער אונד פון איין פרעמדען 2 דאלער, דאפיר בעדארף ער מיטצופאהרען אויף דעם בית עולם.

§ 4. ערב יום כפור דארף ער שטעלען איין קערה. אויך דארף ער הושענות פערקויפען אונד אתרוג אויס־צוטראגען.

§ 5. ער ווערט פון דער חברה אנגענומען אונד אבגעשאפט.



דיעזע קאנסטיטושיאן איז הייטע אבענד ביים מיטינג יום ד' ט"ז ימים לחדש ניסן שנת תרס"ב, דאס דריטע מאל פארגעלעזען געוואָרען אונד איינשטימיג אנגענומען, אויך פערבעסערן קען מען אימער, אבער ניכט אבווייזען פון דיעזע געזעצע. אויך איז דיעזע קאנסטיטושיאן פער־בעסערט געווארען ביים דזשענעראל מיטינג חצי טבת תרס"ב, אונד איבערגעגעבען געווארען צו לאזען דרוקען דאס 3טע מאהל.

---

## געזעטץ קאמיטע:

יוסף בער לעווים — שמואל טעססער
מאקס תלמוד — צבי הערריס
נח קנאפפ — יעקב ליב סאבעל
רפאל אהרן — יהושע שלום גאלדבערג

ישעיה מאיר ראדארפער

---

## בעאמטען:

פרעזידענט, משה פליישמאן.
וויים־פרעזידענט, יהושע שלום גאלדבערג.
סעקרעטער, מאקס תלמוד.
קעשער, שמואל טעססער.